# אילוסטרירטע
# היסטארישע ביבליאטעק

קולטורגעשיכטלאכע שילדערונגען
פאר דער שול און
זעלבסטבילדונג
ארויסגעגעבען פון
ה. פראנק



*1*

## גריכישע
## חכמים



פארלאג ‹פרדס›
בערלין - ניו־יארק



ה׳ פראַנק

# גריכישע חכמים

מיט 15 בילדער



בערלין / 1923 / תרפ״ג





רום דעם גרויסן, בלויען ים, דעם מיטל־לענדישן ים (ים הגדול), וואוהין ס׳פליען אַוועק די פויגלען פון די צפון־לענדער אויף ווינטער און פון וואַנען ס׳קומען די זיסע פרוכט און גוטע וויינען, ליגן דריי גרויסע וועלט־טיילן מיט אַ סך אַלטע לענדער. פון דרום ליגט אַ פ ר י ק ע מיט אירע הייסע ברעגעס פון גאָלד־געלן זאַמד און אויסגעטריקנטע, פאַרברענטע מדבריות. אין ווינקל צווישן אַפריקע און דעם אוראַלטן וועלט־טייל אַ ז י ע ן געפינט זיך דאָס וואונדערלאַכע לאַנד מ צ ר י ם, וואו אונזערע אור־אבות האָבן מיט פיר טויזנט יאָר צוריק ביי די פרעהס פאַר קנעכט געדינט און געבויט פאַר זיי די הימל־הויכע טורעמס און שפיציגע פיראַמידעס. דורך דאָס לאַנד מצרים פליסט דער ברייטער טייך נ י ל; זייער

אַלט איז דער טייך און זיינע כוואַליעס שושקען זיך, דער־ציילנדיק סודות פון אַמאָל — וועגן דער גרויסער פּראַכט פון די פּערהס, וועגן די מוראדיגע ספינקסן — די שטיינערנע לייבן מיט אַ פּנים פון אַ מענטשן, וועגן די אַלטע געצירטע טעמפּלען מיט זייערע שטומע געטשן — די שטיינערנע חיות. אין די פינסטערע, האַלב־פּאַרשאָטענע פּיראַמידעס געפינען זיך באַלזאַמירטע קערפּערס פון די פּרעהס און ווען מ׳קוקט זיך צו אין די טונקעלע, אויסגעטריקנטע פּנימער היינט, זעט מען שוין אויף זיי ניט די גאוה פון די אַמאָליגע מעכטיגע מלכים... שוואַרץ און פאַרשטיינערט זיינען זיי געוואָרן און אַזוי איז אויך דאָס אויסזען פון גאַנץ מצרים: חורבות זיינען געבליבן פון די גרויסע בנינים און נאָר אין די לעצטע הונדערט יאָר האָבן זיך אויף די פּרוכטבאַרע ברעגעס פון ניל אוןביים ים אויפגעבויט גרויסע שטעט, וואָס האַנדלען מיט די רייכע פּרוכט פון דעם לאַנד: באַוול, ווייץ, טייטלען.

צו צפון־זייט פון מצרים, אויף דעם מזרח־ברעג פון ים, וועלכער רופט זיך ס י ר י ע ן און ליגט אין אַזיען, געפינט זיך א ר ץ ־ י ש ר א ל, וואו ס׳האָט 1500 יאָר געלעבט דאָס יידישע פאָלק.

פון דער אַנדערער זייט פון גרויסן ים, אויף דעם צפון־ברעג, גראָד אַנטקעגן מצרים, אויף אינזלען און האַלב־אינזלען, וועלכע געהערן צום דריטן וועלט־טייל — א י ר אָ פּ ע, ליגט

דאָס שיינע פריילאכצע גריכנלאַנד (יָוָן)· מיט 2500 יאָר צוריק איז גריכנלאַנד געווען די מלכּה פון דעם מיטל־לענדישן ים· אירע קאָלאָניעס זיינען געווען צוואָרפן איבער די ברעגעס און אינזלען פון ים און זי האָט פאַנאַנדערגעשיקט אירע שיפן איבער אַלע האַפנס פון איירָאָפּע, אַזיען און אַפריקע צו ברענגען פאַר זיך תּבוּאה פון ווייטע לענדער, ווייל ביי איר פלעגט מען זיך וויייניג אָפּגעבן מיט ערדאַרבעט· די שטעט פון גריכנלאַנד זיינען באַפּוצט געווען מיט שיינע וועלד־לאַך פון טרויבן־קוסטעס און פייגן־בוימער· ליכטיגע, אַלבאַס־טער־קלאָרע מאַרמאָר־טעמפּלען אויף גרינע בערגלאַך פלעגן שיינען מיט זייער קלאָרקייט פון ווייטן, אָנווייזנדיג דעם וועג פאַר די שיפן אויפ׳ן ים און די פוסגייערס אויף די פעלדער· דאָס פאָלק פלעגט פריילאך אָנפילן די גאַסן פון די שטעט, וואו מ׳פלעגט הערן געזאַנג, מוזיק און רעדעס פון די קלוגע מלוכה־לייט· די נאַטור האָט געשענקט דעם גריכישן פאָלק אַ ליכטיגן, בלויען הימל, פון וועלכען ס׳פלעגן זיך שיטן טויזנטער זונען־שטראַלן, ברענגענדיג אַ וואַרימע, ליבלאכע פרייד·

גרויס איז געווען דאָס גליק פון די גריכן· ווי אַ גוטע, רייכע מאַמע, וואָס זשאַלעוועט ניט פאַר אירע קינדער פון דאָס בעסטע און טייערסטע, האָט די נאַטור געשענקט די גריכן אַ זעלטענע מתּנה: פרייד פאַר דער נשמה און שיינקייט פאַר דעם אויג· אין לאַנד זיינען געווען אַ סך בערג מיט הויכע

שפּיצן ביז די הימלען, און אויף די שפּיצן פלעגן די גריכן אויסבויען זייערע טעמפּלען מיט די הייזער פאַר די כּהנים, טאַנץ־הייזער און טעאַטערס פאַר די פאָרשטעלונגען. אויף



צ ע א ו ס

דער גריכישער הויפּט־גאָט, דער הערשער איבער הימל און ערד, דער מלך איבער די געטער און מענטשן. ער קלייבט אויף די וואָלקנס און שליידערט בליצן; ער באַשיצט די געזעצן, די מדה פון הכנסת־אורחים און די הייליגקייט פון דער שבועה.



ה ע ר אַ

די הויפּט־געטין—די פרוי פון צעאוסן. זי איז די באַשיצערין פון פאַמיליען־בונד און די געטין פון פרוכטבאַרקייט. אַלע געטער שעצן איר גלייך מיט איר מאַן און ציטערן פאַר איר כּעס. אויך צעאוס גיט איר אָפּ גרויס כּבוד און פאַרטרויט איר אַלע סודות.

דעם העכסטן באַרג, אָ ל י מ פּ, האָבן געלעבט, ווי די גריכן האָבן געגלויבט, די געטער, אַ גאַנצע געטער־משפּחה מיט דעם אַלטן שטרייִנגן צ ע א ו ס בראש. די גריכן האָבן געמיינט,



**דער שלאָס פון אַטען (אַקראָפּאָליס)**

די סטאַטוע לינקס שטעלט פאָר די געטין פון נצחון—אַטען.

אַז די געטער זיינען ווי די מענטשן, נאָר זיי האָבן אַזאַ גע־וואַלדיגן כוח, אַז די גאַנצע וועלט געהערט צו זיי. די מענטשן זיינען אָבער נאָר שפּילצייג אין די הענט פון די געטער. אַפילו קנאָה און שנאָה האָבן די געטער, אַזוי גלויבן די גריכן; מ׳דאַרף בכן שטענדיג מתפלל זיין צו זיי, אַז זייער כעס זאָל גיך פאַרבייגיין און דערצו פלעגט מען ברענגען גוטע מתנות די כהנים, וואָס פלעגן אין לוסטיגע טענץ און לידער אויסדריקן זייער פרייד און געבעט צו די געטער. ניט נאָר אויפן אָלימפּ, האָבן די גריכן געגלויבט, געפינען זיך די געטער, נאָר יעדער טייכעל, יעדער בערגעל און אַפילו יעדער דערפעל און יעדע שטאָט האָט געהאַט אַ באַזונדער גאָט, פאַר וועלכן די גריכן האָבן שטאַרק מורא געהאַט. דער ים־גאָט ווערט אַמאָל אַזוי בייז אויף די מענטשן, אַז ער שיקט אָן אַ שטורם אויף די ים־כוואַליעס און גרויסע שיפן מיט רייכע משאָות גייען אין אָפּגרונט אַראָפּ — אַהין, וואו ס׳וואוינט דער ים־גאָט אַליין, וועלכער פאַרלאַנגט מ׳זאָל שטילן זיין כעס דורך לע־בעדיגע קרבנות — די מענטשן פון די שיפן. נאָך מער פלעגן זיי ציטערן פאַר דעם גאָט פון פייער, וועלכער האָט געהאַט זיין פּאַלאַץ אונטער דער ערד, וואו ס׳קאָכט און זידט די פלאַ־קערדיגע, צושמאָלצענע אייזערנע מאַסע — די לאַווע, וואָס ווערט אַרויסגעשפּיגן דורך די פייער־בערג — וואולקאַנעס. ווי איז אָבער געווען צו די דערפער, וועלכע האָבן זיך

געפונען ביי אַזעלכע געפערלאַכע בערג׳ בעת אַן ערדצי־
טערניש און פייער־אויסגוס פלעגט די לאַווע פאַרגיסן און
פאַרברענען די בליענדיגע גערטנער און פריילאַכע דערפלאַך
מיט זייערע מענטשן׳ שאָף און עופות· אָט דערפאַר האָבן די
גריכן אַזוי מורא געהאַט פאַר דעם שרעקלאַכן גאָט און
פלעגן שטענדיג בעטן ביי אים רחמים·

אין די אויגן פון די אַמאָליגע גריכן איז דער מענטש
געווען דער העכסטער הערשער פון דער וועלט׳ אָבער די
נאַטור איז דאָך שטאַרקער: וואַסער׳ פייער׳ ווינט׳ קרייַנק —
זיינען נאָך מעכטיגער ווי דער מענטש און דערפאַר האָבן
די גריכן געגלויבט אין די געטער׳ וועלכע זיינען שטאַרקער
פאַר דער נאַטור· זען האָט מען פאַרשטייט זיך׳ די דאָזיגע גע־
טער ניט געקענט· די גריכן האָבן זיך פאָרגעשטעלט דעם לעבן
פון די געטער במחשבה׳ אין דער פאַנטאַזיע׳ און האָבן אויס־
געטראַכט אַלערליי מעשיות וועגן די גוטע און די שלעכטע
מדות פון די געטער׳ וועגן זייער העלדישקייט און אויך וועגן
די העצעס צווישן זיך· צוגלייך האָבן זיך צווישן די גריכן
געפונען גרויסע קינסטלער׳ וואָס פלעגן אויסהאַקן פון
שטיין׳ פון שניי־ווייסן מאַרמאָר׳ געשטאַלטן פון די געטער
אין דער פאָרם פון בילדשיינע מענער׳ פרויען און קינדער·
מ׳פלעגט די פיגורן אויסשטעלן אין די טעמפלען און בוקן זיך

פאַר זייער שיינקייט, שפּילן פאַר זיי מיט פּייקלאַך, טאַנצנדיג און טרינקענדיג די גוטע, זיסע וויינען, וועלכע מ'פלעגט אַזוי לייכט באַקומען פון די טרויבן אין דעם געבענטשטן לאַנד.



אַפּאָלאָן

דער יונגער, בילדשיינער גאָט פון דער זון און פון ליכט, צוגלייך אויך דער גאָט פון נבואה און פּאָעזיע. לכּבוד אים פלעגן די גריכן אין פרילינג און אין הערבסט, נאָכן שניט, אָפּריכטן פייערלאַכקייטן.



ניאָבע

אירע זיבן זין און זיבן טעכטער זיינען געהרגט געוואָרן דורך אַפּאָלאָן און זיין שוועסטער אַרטעמוס — די געטין פון דער לבנה — ווייל ניאָבע האָט זיך געשטעלט קעגן זייער מוטער.

אין לאַנד פון די גריכן האָבן געוואוינט עטלאַכע גריכישע שטאַמען, וועלכע פלעגן אָפט פירן צווישן זיך מלחמות מיט אַ ווילדער שנאה. אַמאָל פלעגן אויך ווייטע לענדער, ווי פּרס,

אָנפאַלן אויף זיי און באַרויבן רייכע אינזלען און די קאָלאָניעס אין פאַרשיידענע ווייטע וועלט־טיילן, אין אַפריקע און אַזיען. די גריכן פלעגן זיך אָבער מוטיג פאַרטיידיגן. מיט זייערע שיפן, וואָס פלעגן געשווינד אַריבערשווימען דעם ים און ברענגען נייע חילים אויף די אינזלען, האָבן זיי געקענט אָפּ־שטויסן די סכּנה און דעריבער האָט אַפילו דער שטאַרקער מלך פון פרס כּוֹרש, וואָס האָט צושטערט די מעכטיגע מלוכה



גריכישע כּלים און וואַזעס.

בבל, אויסלייזנדיג די יידן פון דעם שווערן גלות, — אויך ניט געקענט באַזיגן די גריכן. אין די שטעט פלעגן וואוינען בעלי־מלאָכות און אויסאַרבעטן מיט גרויס געשמאַק כּלאַרליי חפצים. באַזונדערס שיין זיינען געווען די גריכישע ליימענע כּלים און אייזערנע כּלי־זין פאַר די פרייע בירגער, וועלכע פלעגן באַהאַרציגטע און מיט שטאָלץ אַרויסגיין געגן דעם שונא צו קעמפן מיט פרייד פאַר דער פאַרטיידיגונג פון דעם געליבטן לאַנד. דערפאַר האָבן אָבער די בירגער צווישן זיך ניט



**דער גריכישער טעאַטער**

דער טעאַטער האָט באַשטאַנען פון דריי טיילן: 1) די בינע, 2) דער כאָר (דאָס פאָלק, וואָס באַטייליגט זיך דורך געזאַנג און טענץ אין שפּילן) און 3) די צושויער, וועלכע פלעגן זיצן אין אַ האַלב־קרייז אַרום דער אַרענע.

געלעבט בשלום: די רייכע פּריצים האָבן אָן רחמנות אויס־געניצט די אָרימע פּויערים און גערודפט די שוואַכע שטאָ־טישע איינוואוינער, וועלכע פלעגן זיך אָנדינגען ביי די רייכע בעלי־בתּים. פון צייט צו צייט זיינען אָבער אויפגעקו־מען קלוגע מלוכה־לייט, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם מלוכה־לעבן, כדי צו באַשיצן דאָס געדריקטע פאָלק. דאָס



גריכישע סאָלדאַטן.

פאָלק פלעגט זיי דערפאַר ליב האָבן און פלעגט זיי אָפט אויס־קלייבן פאַר מלכים. אַ גרויסער אויסגעקליבענער מלך, וועלכן דאָס גריכישע פאָלק האָט לאַנג געדיינקט פאַר די רעכט, וואָס ער האָט געגעבן אַלע בירגער אָן אונטערשייד פון אָרים

און רייך, איז געווען ס אָ ל אָ ן, וואָס האָט געלעבט מיט 2500 יאָר פֿאַר אונז אין דער גריכישער הויפּט־שטאָט אַ ט ע ן.

ווען דעם קלוגן מלך סאָלאָן ווערט איבערגעגעבן אין דער גריכישער געשיכטע אַזאַ ערציילונג. אין דער קליינער נאָר מעכטיגער מלוכה ל י ד י ע ן אויף דעם האַלב־אינזעל ק ל י י ן ־ אַ ז י ע ן, האָט אין סאָלאָנס צייט רעגירט דער יונגער מלך ק ר ע ז ו ס. ער האָט געהאַט געוואַלדיגע עשירות און גרויס כּבוד און האָט געמיינט, אַז דאָס גליק וועט אים שטענ־דיג באַגלייטן. ווען דער מעכטיגער פּערסישער מלך כּ וֹ ר ש האָט זיך דערנענטערט מיט זיינע חילים צו די ווענט פון קרע־זוסעס רעזידענץ, האָט דער שטאַרקער קרעזוס געהאָפט, אַז זיין מזל וועט אויך איצט פירן צו אַ נצחון. נאָך אַ לאַנגער באַלאַגערונג האָט כּוֹרש איינגענומען די הויפּטשטאָט פון לידיען, קרעזוס איז אָפּגעפירט געוואָרן אין געפענגעניש און איז פאַר־משפט געוואָרן צום טויט. ווען ער איז געפירט געוואָרן צום שייטערהויפן פאַרברענט צו ווערן, האָט ער פלוצלינג אויס־געשריען: „אויף קיינעם טאָר מען ניט זאָגן, אַז ער איז גליקלאַך, כּל זמן ער לעבט נאָך” און האָט דריי מאָל אָנגערופן דעם נאָמען „סאָלאָן”. ווען דער פאַרוואונדערטער כּוֹרש האָט אים געפרעגט, וואָס האָט ער דערמיט געמיינט, האָט אים קרעזוס דערציילט, אַז סאָלאָן האָט אים אַמאָל באַזוכט אין זיין רעזידענץ־שטאָט און האָט צו אים אין אַ שמועס געזאָגט אָט די דאָזיגע ווערטער.

די ערציילונג האָט אַזוי געווירקט אויף כּורשן, אַז ער האָט תּיכּף קרעזוסן באַגנאַדיגט און אים געשענקט דאָס לעבן. קרעזוס איז געבליבן ביי כּורשס הויף און האָט אַפילו פאַרנומען ביי אים אַ הויכן פּאָסטן, ווייל כּורש פלעגט זיך שטענדיג איידל באַגיין מיט די באַזיגטע מלכים, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט חכמה און גערעכטיגקייט.

אומגליקלאַך איז אָבער געווען סאָלאָנס סוף. די שונאים פון פאָלק, וועלכע האָבן אויסגענוצט די געדריקטע פאָלקס־לייט, כּדי צו לעבן רייך און אויסגעלאַסן, האָבן באַלד אָנגעהעצט שאַרפע מחלוקות און האָבן, באַקומענדיג אין לאַנד די אויבערהאַנט, אַרויסגעטריבן פון אַטען דעם פאָלקס־פריינד סאָלאָן. אין לאַנד איז ווייטער געוואָרן — ווי פאַר דער מלוכה־צייט פון דעם קלוגן און גוטן מלך — אַ מהומה, און אַ שנאָה האָט צוריסן דאָס פאָלק אין פאַרשיידענע טיילן. קלוגע בירגער האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס רייכע לאַנד גיט אַרויס איבערגענוג פרוכט פאַר אַלע מענטשן זיי זאָלן קענען זיין גליקלאַך; נאָר דער עיקר דאַרף דערצו פאַרבעסערט ווערן דער גייסט און די אויפירונג פון די בירגער, מ׳זאָל באמת קענען באַנוצן די פריינדלאכקייט פון דער נאַטור און לעבן אין שמחה און אין אַ ברידערלאַכער ליבע.

די ערשטע האָבן דאָס דערשפּירט די לערערס — אָט די בירגער, וועלכע דאַרפן ערציען דעם יונגן דור און צוגרייטן

פון אים גוטע און קלוגע בירגער פון לאַנד· די שולעס פלעגן ביי די גריכן געשעצט ווערן הויך, ווייל אין זיי פלעגט מען די קינדער לערנען אַ חוץ שרייבן, לייענען און רעכענען, אויך געזאַנג, מוזיק און טאַנץ, און אָט די מינים קונסט פלעגן שטיין אין די אויגן פון די גריכן ניט נידעריגער ווי די בילדונג, אפשר – נאָך העכער· ניט אָפט האָט מען אָבער געקענט געפינען גוטע, טרייע לערערס און די שילער פלעגן צוליב דעם אין דער שולע ניט גוט ערצויגן ווערן· זיי האָבן ניט געהאַט אין זיך דאָס, וואָס אַ פרייער בירגער מוז האָבן – ח כ מ ה, כדי צו קענען גיין אויף אַ ריכטיגן וועג אין לעבן און ווי געהעריג באַנוצן די פעאיגקייטן, מיט וועלכע די נאַטור האָט באַשאָנקען דעם מענטשן· דער עיקר דאַרף אָבער דער מענטש האָבן אין זיך פריינדלאַכקייט, אַהבת הבריות, וואָס זאָל אים צוציען די ליבע און די אַכטונג פון די אַנדערע מיטביר־גער און אויפהויבן זיין ווירדע אין די אויגן פון אַלע אַרומיגע מענטשן, ווייל דרך־ארץ מאַכט דעם מענטשן גרעסער, ווי ס'מאַכט אים די בילדונג און די קונסט·

אין יענער צייט איז פון די לערער אַרויס אָבער נאָר איינער, וואָס האָט זיך באַלד קונה שם געווען איבער דעם גאַנצן לאַנד ווי דער בעסטער ערציער און קענער פון דער מענטשלאַכער נאַטור· דאָס איז געווען ס אָ ק ר אַ ט ע ס· ער האָט זיך פאַרנומען מיט דער שטיינשניצעריי־מלאכה, ירשנ־

דיג דעם שיינעם טאַלאַנט פון זיין פאָטער — אַ גרויסן סקולפּטאָר. נאָר זיין האַרץ האָט זיך מער געצויגן צו דער שולע, צו דער איידעלער מלאכה פון אַ לערער, וועלכע איז אים געווען ליב און טייער. מיט די שילער פלעגט ער תמיד פירן שמועסן און זיי לערנען ווי צו זוכן און געפינען דעם אמתן גליק. פאַר זיין לערע האָט ער אַפילו קיין געלט ניט געוואָלט נעמען און האָט זיך דערייבער צוגעוואוינט צו לעבן אין גרויס דחקות. ער פלעגט אָבער אַזוי טריי ליב האָבן זיין לאַנד, אַז צוגרייטן גוטע בירגער איז פאַר אים געווען דאָס גרעסטע גליק אין לעבן און צוליב דעם איז ביי אים רעכט געווען צו ליידן כסדר נויט און פיינט האָבן די פּראַכט, מיט וועלכער אַ סך פון זיינע לאַנדסלייט האָבן ליב געהאַט צו שטאָלצירן.



סאָקראַטעס (רוים, ווילאַ אַלבאַני)

דער הויפּט־פּעלער, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין די געדאַנקען, איז געווען, וואָס די לערער־דענקערס, די פילאָזאָפן*), האָבן מער אַכט געלייגט אויף שיין־ריידן ווי אויף דער קלאָר־קייט פון די געדאַנקען און השגות. אַ רעדנער פלעגט זיך אָפּט שטעלן באַווייזן דורך פאַרדרייטע פּלפּולים, אַז טאָג איז נאַכט און נאַכט איז טאָג, ווייל ער פלעגט ביי די הערערס מיט אַ סך פּוסטע ווערטער צומישן די רעיונות. אַזעלכע פילאָזאָפן, וואָס האָבן געקענט מטהר זיין אַ שרץ בק"ן טעמים, פלעגט מען רופן סאָפּיסטן ד. ה. שקרנים, ווייל זיי פלעגן קענען אַזוי קונציג צונויפּמישן פאַרשיידענע ריכטיגע און פאַלשע געדאַנקען, אַז מ'פלעגט ממש ניט קענען אונטער־שיידן, וואָס אַזוינס איז ביי זיי ליגן און וואָס איז אמת. אַ טובה פאַרן פאָלק, איז אַפילו פון דעם אויך אַרויסגעקומען, ווייל די סאָפּיסטן האָבן מיט זייערע ספקות אריינגעוואָרפן אין די הערצער פון דער יוגנט אַ מין צווייפל בנוגע צו אַ סך רעיונות, דאָס הייסט צו די באַגריפן, וועלכע מ'נעמט אויף ניט מיט די חושים — דורך די אויגן, אויערן וכדו', נאָר מ'דאַרף זיך פאָר־שטעלן זיי אין קאָפּ, במחשבה. אָט אַזעלכע רעיונות האָבן געהאַט די גריכן, ווי מיר האָבן שוין געזען, וועגן דער נאַטור, און וועגן די געטער, די דאָזיגע פאַלשע און

*) „פילאָזאָף" — באַשטייט פון צוויי גריכישע ווערטער: פילאָס — ליבהאַבער און סאָפּיאַ — חכמה, און באַדייט: פריינד פון דער חכמה, דענקער.

נאַרישע באַגריפן וועגן די געטער, וועלכע זיינען כלומרשט
אַזוי ווי די מענטשן, מיט אַלע מענטשלאַכע מדות, און אַפילו
מיט אַ פּרצוף פון אַ בשר ודם, האָבן די קלוגע סאָפיסטן גרינד־
לאַך צושטערט. דאָך האָט זיך דערמיט ניט געקענט צופרידנ־
שטעלן דער טיפזיניגער לערער סאָקראַטעס. די לערערס,
וועלכע האָבן געלעבט פאַר אים, האָבן דער עיקר גערעדט וועגן
דער נאַטור און אירע משונהדיגע פיר גרונד־יסודות (עלעמענטן),
פון וועלכע אַלץ אין דער וועלט קומט אַרויס: וואַסער, פייער,
ערד און לופט. פון די דאָזיגע חקירות וועגן דער נאַטור האָבן
די פילאָזאָפן גאָר ווייניג געקענט אַרויסדרינגען, ווייל יעדער
איינציגער האָט געהאַלטן נאָר פון זיין שיטה און האָט לייכט גע־
קענט באַווייזן, ווי נאַריש ס'איז צוזאַמענגעשטעלט די שיטה
ביי אַ צווייטן פילאָזאָף. צו זיי פלעגט דער חכם סאָקראַטעס
שטענדיג זאָגן, אַז אַנשטאָט דער לערע וועגן דער נאַטור מיט
די פאַלשע השגות און דברים בטלים — סברות, וועלכע שטי־
מען ניט איינע מיט דער אַנדערער, זאָל מען בעסער לערנען
דאָס, וואָס איז באמת נוצלאַך. וואָס אַזוינס קען אָבער דעם
מענטשן זיין נוצלאַכער, ווי גוט צו פאַרשטיין די אייגענע נאַ־
טור, דעם אייגענעם גייסט? וויסן — וואָס ס'איז אין די מענטש־
לאַכע געדאַנקען ריכטיג און וואָס ס'איז אין זיי פאַלש, קען מען
נאָר דאַן, ווען מ'האָט שוין אַ ידיעה וועגן דער טבע פון דעם
מענטשן גופא און פון זיין גייסט. אַ טעות צו מאַכן איז לייכט,

אָבער אָפּצוגעוויינען זיך פון טעותן איז שווער, און אַ סך געלערנטע מיינען באמנות, אַז זיי ריידן נאָר דעם פולן אמת, אָבער בשעת מעשה פאַרגעסן זיי גאָר, אַז מ׳דאַרף פריער פון אַלץ גוט חוקר ודורש זיין אינם אייגענעם פאַרשטאַנד, צו איז ניטאָ אַ שטיק טעות אין די געדאַנקען און אין די רייד. אָט אַזוי האָט געלערנט דער גרויסער חכם און מענטשן־קענער סאָקראַטעס און האָט דעריבער שטאַרק געהאַלטן פונם כלל: „ערקען זיך אַליין"*), ד׳ה׳ דו דאַרפסט אויספאָרשן ראשית כל דיין טבע און שפּעטער וועסטו קענען קלערן וועגן פאַרשיידענע באַגריפן. וועלנדיג צוציען צו זיך תלמידים און לערנען זיך פון זיי חכמה, פלעגט ער זיך אין זיינע שמועסן ניט זעלטן פאַרשטעלן פאַר אַ מענטשן, וואָס קען נאָך גאָר ניט און וואָס וואָלט וועלן זיך צולערנען ביי אַנדערע, דערביי פלעגט דער גרויסער ענו, סאָקראַטעס, ליב האָבן צו זאָגן: „איך ווייס נאָר איינס, אַז איך ווייס גאָרניט." נאָכדעם אָבער ווי ער פלעגט אָנהויבן צו שטעלן קשיות די תלמידים, האָט זיין גלייכער שכל באַלד מנצח געווען זייערע געדאַנקען און זיי פלעגן מודה זיין, אַז ער האָט זיי באַוויזן די ריכטיגקייט פון זיינע לערעס. דערפאַר האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „דער קליגסטער גריך", און ער איז געווען דער ערשטער אמתער פילאָזאָף פון גריכנלאַנד.

*) די דאָזיגע ווערטער זיינען אויסגעקריצט געווען איבערן טויער פון אַ טעמפּל אין דער שטאָט דעלפי.

שמועסנדיק מיט זיינע תּלמידים האָט סאָקראַטעס אַזוי זיכער געקענט איבערצייגן זיי אין דעם אמת פון זיינע רייד, אַז זיי פלעגן אויף שטענדיק טריי בלייבן זייער לערער אין אַלץ, וואָס ער האָט געלערנט. דער עיקר־גדול פון זיין לערע, אין וועלכן ס'ליגט זיין גאַנצער באַגריף וועגן דעם ריכטיגן מענטשלאַכן לעבן, איז די וויכטיגקייט פון גוטע מדות, ווייל נאָר זיי מאַכן דעם מענטשן נוצלאַך און ליב פאַר דער וועלט. „דער, וואָס לערנט זיך, נעמט איבער פון אַנדערע, דעריבער קען מען זיך אויך אויסלערנען גוטע מדות און דרך ארץ", אַזוי האָט געלערנט סאָקראַטעס. ער האָט גע־גלויבט, אַז וויבאַלד די מענטשן וועלן וויסן פון די גוטע מעשים, וועלן זיי שוין דורכפירן זיי אין לעבן אויך. ווען אַלע וואָלטן אפילו געוואוסט פון גוטס און קיינער וואָלט עס ניט געטאָן, וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געקענט האָבן. דער מענטש, וואָס ווייס ווי צו פירן זיך, דאַרף ניט בלייבן ביי זיין קענטעניש, נאָר מוז באַווייזן טאַקי, אַז ער לעבט באמת לויט זיין געדאַנק און צווישן זיין שטייגער צו קלערן און צו טאָן איז ניטאָ קיין חילוק.

פאַר אַזעלכע ערלאַכע געדאַנקען האָבן אים זיינע שונאים פאַרמסרט ביי דער מלוכה־מאַכט. „שטרעבנדיק צו פרייהייט, האָבן געטענעט זיינע געגנערס, לייקנט ער אין אונזערע הייי־ליגע געטער פון אָלימפּ און זאָגט זיך שוין אפילו אָפּ פון דעם

געזעצלאַכן געריכט״. מ׳האָט אויף אים אויסגעטראַכט אַ בלבול, אַז ער מאַכט קאַליע די יוגנד דורך זיינע פרייע מחשבות און וויל אַפילו איינפירן אין גריכנלאַנד נייע געטער. די ריכטער האָבן אים געמשפט פאַר בגידה צו דער מלוכה און אירע געטער און האָבן אַרויסגעטראָגן פאַר אים אַ טויט־אורטייל. ווען מ׳איז אים געקומען אָנזאָגן, אַז די אויבערשטע דרייסיג ריכטער האָבן אים פאַרמשפט צום טויט, האָט ער קאַלטבלוטיג געזאָגט: „זיי האָבן מיר און זיי האָט די נאַטור פאַרמשפט צום טויט״, ד. ה. אויך זיי וועלן מוזן פריער צו שפּעטער שטאַרבן. ביי די גריכן איז געווען אַ מנהג, אַז בעת די פאָלקס־שמחות פלעגט מען ניט אויספירן קיין טויט־שטראָפן, און ווייל אין דערזעלבער צייט מיט סאָקראַטס משפט איז פאָר־געקומען אַ גרויסע פייערונג לכבוד איינעם פון די געטער, האָט סאָקראַטעס נאָך געמוזט וואַרטן אויף זיין טויט אין דער פינסטערער תפיסה. דרייסיג טעג האָט דער גרויסער חכם פאַר־בראַכט אין אַ מערקווירדיגער רו און מיט זעלטענע קאַלט־בלוטיגקייט. די טרייַע תלמידים פלעגן אים באַזוכן און ווייטער פירן מיט אים די קלוגע שמועסן וועגן אַלע לעבנס־פראַגן. ווען ער פלעגט בלייבן אַליין, איז אויך ניט אויפגעקומען אין אים די קלענסטע מורא פאַרן טויט; ער פלעגט דאַן שרייבן זיינע קלוגע שירים וועגן דער אומשטערבלאַכקייט פון דער נשמה.

איין מאָל, אין אַ פינסטערער הערבסט־נאַכט, האָט אים זײַן טרײַסטער תּלמיד — ק ר י ט אָ ן — פאָרגעלייגט צו אַנטלויפן פון תּפיסה, ווייל די תּלמידים האָבן אונטערגעקויפט די שמירה׳ כדי צו ראַטעווען דעם לעבן פון זייער געליבטן לערער. — „ניין, קריטאָן, האָט רואיג געענטפערט סאָקראַטעס, איך וועל דיר ניט פאָלגן, מיין טרייער תּלמיד. דאָס געריכט האָט מיר אפילו אומשולדיג פארמשפּט צום טויט; איך האָב געשטרעבט נאָר צום גליק פון מיינע לאַנדסלײַט און געלערנט זיי׳ ווי צו גיין אויף די אמתע וועגן פון לעבן. נאָר דאָס איז דאָך אַ ג ע ר י כ ט און מ׳טאָר אים ניט געזרינגשעצן. וואָס וועט זיין, ווען אויך דער, וואָס איז טאקי שולדיג און מוז ליידן זײַן שטראָף׳ וועט זיך פאַרקוקן אויף מיר און וועט אויך מזלזל זײַן דעם פסק־דין און זוכן צו אנטלויפן פון תּפיסה? ניין, מיין זון, דאָס געריכט דאַרף זײַן הייליג׳ ווייל אָן אַ געריכט וועט דאָס לעבן פון לאַנד באַלד חרוב ווערן״׳ די לעצטע ווערטער אין דעם דאָזיגן שוידערלאַכן שמועס פון סאָקראַטעסן מיט זײַן געליבטן תּלמיד זיינען געווען: „זאָל בעסער איין בשר ודם אומקומען אומשולדיג, איידער ס׳זאָל צושטערט ווערן דאָס גליק פון אַ פאָלק, דורך דעם, וואָס ס׳וועט אויף שטענדיג פאַרשווינדן דער נוצן, וועלכן ס׳ברענגען קלוגע און אמתע ריכטער״.

אויפן אַנדערן טאָג האָט מען סאָקראַטעסן צוגעטראָגן דעם בעכער מיט סם, דורך וועלכן ער האָט זיך געמוזט טויטן. רואיג האָט דער גרייז־גרויער חכם אויסגעזופּט דעם בעכער און איז אויף אייביג אַנשלאָפן געוואָרן מיט אַ רו אויפן פּנים און מיט אַ גליקלאַכער זיכערקייַט און גלויבן אין האַרצן.

זיבעציג יאָר האָט געלעבט דער ערשטער גריכישער חכם. זיין העלדישער טויט *) איז געווען פאַר זיין פאָלק ניט ווייניגער נוצלאַך ווי זיין לאַנגער שווערער לעבן. מיט זיין טויט האָט ער באַוויזן, ווי אַ מענטש קען זיך מוסר נפש זיין פאַרן אמת, כּדי ניט צו דערלאָזן, אַז די מיאוסע פאַלשקייט זאָל אייביג הערשן איבער די מענטשן. און אין דער אמתן — דורך זייַן טויט איז פאַר זייַנע שונאים אַרויס אַנשטאָט אַ טובה אַ רעה: הונ־דערטער מענטשן האָבן זיך פאַרקלערט איבער דער לערע פון דעם אומשולדיג־געטויטעטן חכם און האָבן אייַנגעזען, אַז זייַנע ליכטיגע געדאַנקען זייַנען ריכטיג אויף אייביג, בעת זייערע אַלטע באַגריפן בייטן זיך און שטאַרבן אָפּ, ווי די מענטשן, וועלכע זאָגן זיי אַרויס. אָט אַזוי פלעגן איבערגיין פון דור צו דור די לערעס פון סאָקראַטעסן וועגן גוטס און שלעכטס.

*) סאָקראַטעס איז געשטאָרבן מיט 400 יאָר פאַר אונזער וועלטלאַכער תּקופה, ד. ה. מיט קרוב 2300 יאָר צוריק.



**דער שטאַרבנדער סאָקראַטעס**

סקולפּטור פון מרדכי אַנטאָקאָלסקי (1842-1904) (פּעטראָגראַד, רוסישער מוזעאום)

סאָקראַטעס לערע האָט געגעבן אַ טויט־קלאַפּ דעם גלויבן אין די געטער פון אָלימפּ און האָט אַוועקגעלייגט דעם יסוד פון גלויבן אין איין־איינציגן גייסטיגן גאָט.

סאָקראַטעס נאָמען איז געוואָרן אומשטערבלאַך, די תּלמידים פון דעם ערשטן גריכישן חכם האָבן אָבער נאָך מער פאַר־טיפט זיין לערע און האָבן צוגעצויגן צו איר הונדערטער נייע נאָכפאָלגערס. דער גרעסטער פון אַלע זיינע תּלמידים איז געווען דער פילאָזאָף פּלאַטאָן, וועלכער איז געווען דער באַדייטנדסטער דענ־קער פון גריכישן פאָלק.


פּלאַטאָן
(רוים, וואַטיקאַן)

פּלאַטאָן איז אַרויס געקומען פון אַ מיוחס־דיגער משפּחה און זיין מוטער איז געווען אַ קרובה פונם גרויסן פאָלקספריינד און מלך סאָלאָן. שוין אין זיין יוגנט איז ער געווען אַ דיכטער און האָט געשאַפן שיינע ווערק. נאָר דאָס האָט ער אַוועקגעוואָרפן ווי נאָר אים איז באַקאַנט געוואָרן די לערע פון די פילאָזאָפן און דער עיקר — פון

סאָקראַטעסן. ער איז געווען דער טרײַסטער תּלמיד פֿונם גרויסן חכם און האָט געגעבן די שילדערונג פֿונם שווערן לעבן פֿון זיין געליבטן לערער אין אַ סך ווערק. פּלאַטאָן האָט אויך געהאַט אַ סך תּלמידים, מיט וועלכע ער פֿלעגט לערנען אין אַ שולע, וועלכע איז געלעגן אין אַ פּרעכטיגן גאָרטן ניט ווײַט פֿון דער הויפּט־שטאָט אַטען. די געגנד האָט געהאַט דעם נאָמען אַ ק אַ ד ע מ י אַ און דערפֿון האָט מען אויך פּלאַטאָנס שולע אָנגערופֿן אַזוי, פֿון יענער צייט אָן ביזן היינטיגן טאָג רופֿט מען יעדער הויך־שולע „אַקאַדעמיע".

פּלאַטאָן האָט אין זיין לעבן אַ סך אַרומגעפֿאָרן, כּדי צו באַקענען זיך מיט דעם לעבן פֿון די פֿעלקער אין פֿאַרשיי־דענע לענדער. אין אַלע מלוכות, וואָס ליגן אַרום דעם מיטל־לענדישן ים, האָט מען געשעצט דעם גרויסן חכם און ניט זעלטן פֿלעגט מען דורך זײַנע עצות אויסבעסערן די לאַגע פֿון אַ לאַנד. ער האָט אפֿילו אָנגעשריבן אַ באַזונדער בוך וועגן דער מלוכה, אין וועלכן ער האָט אָפּגעשילדערט דעם שלעכטן סדר פֿון דעם מלוכה־לעבן אין זיין צײַט, ווען יעדער בירגער קלערט נאָר ווי צו פֿאַרבעסערן זיך די אייגענע לאַגע און באַדריקט צוליב דעם זײַנע שוואַכערע ברידער. „כּדי די מענטשן זאָלן גליקלאַך זיין, מוז הערשן אין לעבן, האָט ער געשריבן, אַ קלאָרער סדר און יעדער מענטש מוז טאָן די אַרבעט, וועלכע איז נוצלאַך פֿאַר דעם כּלל און צו וועלכער

ער איז דורך זײַנע פֿעאיגקייטן באַזונדערס צוגעפּאַסט״. דע־מאָלט וועט שוין ניט זײַן קיין הערשאפט פון איין טייל פאָלק איבער דעם צווייטן, ווייל אַלע מענטשן וועלן לעבן אין אַ מלוכה, מיט וועלכער ס׳וועלן אָנפירן די בעסטע און קליגסטע לייט — די פילאָזאָפן.

ניט נאָר דעם מלוכה׳לעבן דאַרף מען אויסבעסערן, האָט געלערנט פלאַטאָן, נאָר אויך דער מענטש גופא דאַרף זיך דערהויבן צו דער אמתער הויך און זײַן רייף צו אַ ריינעם און גליקלאַכן לעבן. פאַר די אויגן פון יעדער מענטשן דאַרף תּמיד שטיין אַ בעסערע וועלט, ווי די, אין וועלכער ער לעבט, און ער דאַרף שטרעבן, אַז די דאָזיגע פאָרשטעלונג וועגן דער שיינער וועלט זאָל וואָס מער פאַר־ווירקלאַכט ווערן אין לעבן. דערפון קומט אַרויס, ווי מיר זעען, אַז יעדער מענטש איז בכוח פאָרצושטעלן זיך מיט זיין פאַרשטאַנד נאָך אַ סך בעסערע און שענערע זאַכן, ווי די, וואָס ער זעט בעינים. די דאָזיגע גײַסטיגע פעאיגקײַט, וועלכע ס׳האָט דער ערשטער באַשריבן פלאַטאָן, איז באמת וואונדערלאַך, ווײַל מיט דעם, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר שטענדיג בעסערע און העכערע זאַכן, ווערן מיר טאַקי נענטער צו די גרויסע זאַכן, וועלכע ציען אונז צו, ד. ה. דורך פאָרשטעלונגען קומען מיר צו מעשים אין ווירקלאַכן לעבן. פלאַטאָן האָט געהאַלטן, אַז דער מענטש ברענגט מיט

אין זײַן נשמה אָט די דאָזיגע וואונדערלאַכע פּעאיגקײַט שוין ווען ער ווערט געבאָרן, און אַז דאָס איז בײַ אים אַ זכר, וועל־כער איז פאַרבליבן פון אַ העכערער וועלט, וואו זיין נשמה האָט געלעבט, נאָך איידער זי איז געקומען אויף אונזער וועלט. די דאָזיגע לערע האָט געפונען אַ פּאָעטישן אָפּקלאַנג אין אַ געדיכט*) פון דעם רוסישן דיכטער מ. לערמאָנטאָוו:

## דער מלאך.

האַלב־נאַכט האָט אַ מלאך אין הימל געשוועבט
און פאַר זיך אַ ליד שטיל געוועבט,
און ס'זײַנען אין מחנות געקומען אים הערן
די וואָלקנס, לבנה און שטערן.

זיין ליד האָט פון ריינע נשמות דערציילט,
וואָס זײַנען פון גאָט אויסדערוויילט,
און יעדערע האָט אין גן־עדן איר אָרט —
אַזוי האָט פאַרטרויט יעדעס וואָרט.

און ר'האָט אונז אויף דער וועלט, וואָס טרויערט און שמאַכט,
אַ קינד אין די אָרימס געבראַכט,
און ס'האָט ביים קינד פון דעם מלאכס געזאַנג
אָן ווערטער פאַרוועבט זיך דער קלאַנג.

---

*) איבערגעזעצט דורך ד. טשאַרני.

דער מענטש לעבט אין דער וואָכעדיקער וועלט און בייִנקט שטענדיק נאָך אַ שענערער, אַ יום־טובדיקער — אָט אַזוי האָט געלערנט פּלאַטאָן, און אָט די דאָזיקע שטרעבונג דערהויבט דעם מענטשן ער זאָל באמת קענען זיין גליקלאַ־כער. די קליינע, טרוקענע נשמהלעך, וועלכע האָבן ניט די גרויסע בענקעניש נאָך אַ שענערער און בעסערער וועלט, זיינען דעריבער ניט קיין גוטע מענטשן און מיט זיי קען זיך ניט פילן גליקלאַך דאָס פאָלק און די מלוכה.

שיין, ווי אַ וואונדער־בילד, זיינען די פּרעכטיקע משלים, וועלכע ס׳האָט אונז איבערגעגעבן אין זיינע ביכער דער גרוי־סער חכם. אָט זאָגט ער: „שטעלט זיך פאָר, אַז עטלאַכע מענטשן זיצן אין אַ פינסטערער הויל, צו וועלכער ס׳קומט כמעט די זון ניט צו, בלויז שאָטנס אויף די ווענט באַווייַזן, אַז די מענטשן באַוועגן זיך אין דער גרוב. דאָס ליכט איז צו שוואַך מ׳זאָל קענען זען די פּנימער פון די מענטשן. אַזוי ווי די געפאַנגענע זיצן זיי אין דער פינסטערניש און ווייסן ניט וואו איז זייער אמתע היים... אַזוי איז אויך מיט די נשמות פון אַ סך, אַ סך מענטשן: זיי זיצן נאָך אין דער טורמע, זעען נאָר בלאַסע שאָטנס און בייִנקען נאָך דער ליכ־טיקער היים״. די דאָזיקע ליכטיקע וועלט דערגרייכט מען אָבער נאָר דורך אַ שטאַרקער שטרעבונג צו איר, דורך קלאָרע געדאנקען און ריינע מעשים. און אָט זעען מיר, ווי די בענ־

קעניש פון דער נשמה באַווייַזט, אַז מיר זייַנען בכוח צו דער־גרייכן דאָס אמתע גליק און פילן זיך בעסער און גליקלאַכער ווי מיר זייַנען הייַנט, ווען ס'ליידן אַזוי פיל מענטשן צוליב דעם, וואָס זייער נשמה שמאַכט אין פינסטערנישן.

ווי מיר זעען, רעדט פּלאַטאָן דער עיקר וועגן די פאַר־שטעלונגען, וועלכע דער מענטש דאַרף זיך מאַכען מיט די געדאַנקען, אַזעלכע פאָרשטעלונגען רופט מען אָן „אָנשויאונ־גען" (אויף גריכיש — איידאָס). דערפון איז געשאַפן געוואָרן דאָס וואָרט אידעע און די גאַנצע לערע, וועלכע פאַרנעמט זיך, לויט פּלאַטאָנס ביישפּיל, מיט דער אויספאָרשונג פון די מענטשלאַכע אָנשויאונגען, האָט מען אַ נאָמען געגעבן אידעאַליזם.

אין דער גלייכער צייט מיט פּלאַטאָנען האָט אין גריכנ־לאַנד געלעבט נאָך אַ גרויסער חכם דיאָגענעס, וועלכער האָט אויך פּאַראייביגט זיין נאָמען, ווי סאָקראַטעס און זייַן גרוי־סער תּלמיד. דיאָגענס לערע האָט זיך אויפגעבויט אויף דעם טיפן כּלל, אַז דאָס גרעסטע גליק איז — אינגאַנצן באַפרייט צו ווערן פון איבעריגע באַדערפענישן און ניט שפּירן אַ באַ־גער צו זיי. מיט גרויס כּוונה האָט טאַקי דיאָגענעס פאַר־ווירקלאַכט זיין שיטה אין לעבן: ער האָט געלעבט אין אַ פאַס, געהאַט נאָר איין מאַנטל, אַ זאַק אויף ברויט, אַ שטעקן און אַ הילצערנעם בעכער. דעם בעכער האָט ער אָבער אויך אַוועק־

געוואָרפן, בעת ער האָט אַ מאָל דערזען, ווי אַן אינגל שעפּט וואַסער מיט די הענט.

שוין אַלס אַן אַלטער מאַן איז דיאָגענעס אַמאָל אַריינגעפאַלן צו ים־רויבערס און [illegible] האָט געזאָלט פאַרקויפט ווערן פאַר אַ קנעכט. שטייענדיג אויף דעם מאַרק, וואו מ׳האָט אים געדאַרפט פאַרקויפן, האָט ער געשריען: „ווער דאַרף האָבן איבער זיך אַ מושל? ווער ס׳וועט מיר קויפן, מוז זיין גרייט צו פאָלגן מיר אַזוי, ווי דער גרעסטער מלחמה־העלד און מלך מוז פאָלגן די דאָקטוירים און



ד י אָ ג ע נ ע ס

(רוים, קאַפּיטאָלישער מוזעאום).

טאָן אַלץ, וואָס זיי הייסן". צום סוף האָט אים געקויפט אַ רייכער און חשובער בירגער פון דער שטאָט ק אָ ר י נ ט און האָט אים געמאַכט פאַר אַן ערציער פון זיינע קינדער. אַמאָל האָט

באַזוכט די שטאָט קאָרינט דער באַרימטער מלך אַ ל ע ק־ ס אַ נ ד ר פון מ אַ צ ע ד אָ נ י ע ן, וועלכער האָט געוואָלט זען און שמועסן מיט דעם גרויסן חכם, פון וועלכן ער האָט געהערט אַ סך. דער מלך האָט זיך אַוועקגעלאָזן מיט זייַן גאַנצער סוויטע צום פילאָזאָף, וועלכער איז גראָד געזעסן פאַר זיין פאַס און זיך געוואַרימט אויף דער זון. נאָך אַ קורצן שמועס איז אַלעקסאַנדער נתפּעל געוואָרן פון די קלוגע תּשובות, וועלכע ס'האָט אים גע־ געבן דיאָגענעס, און פון דאַנקבאַרקייַט האָט דער מלך פאָרגע־ לייגט אים צו פאַרלאַנגען אַ מתּנה נאָך זייַן אייגענעם וואונש. דיאָגענעס האָט באַלד אַרויסגעזאָגט זייַן פאַרלאַנג: „טרעט אַ ביסל אָפּ אָן אַ זייַט, ווייל דו פאַרשטעלסט פון מיר די זון." אַלעק־ סאַנדר האָט באַוואונדערט דיאָגענס ענטפער און האָט אויפן אָרט געזאָגט צו זיין סוויטע: „ווען איך וואָלט ניט זיין אַלעק־ סאַנדר, וואָלט איך וועלן זיין דיאָגענעס".

אינמיטן העלן טאָג האָט מען אַמאָל אָנגעטראָפן דיאָגענעסן אין גאַס מיט אַ לאָמפּ, וואָס איז געווען אָנגעצונדן. אויף דער פראַגע „וואָס זוכט איר?" — „אַ מענטשן", איז געווען דיאָ־ גענס ענטפער.

צו דיאָגענעסן איז אַמאָל דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז פלאַטאָן האָט געלערנט זייַנע שילער, אַז דער מענטש איז אַ „חיה אויף צוויי פיס, ד. ה. אַ פויגל, וואָס האָט ניט קיין פעדערן". אונזער מוטיגער פילאָזאָף האָט גענומען אַ האָן, אויסגעצופּט פון אים

אַלע פעדערן׳ אים אַוועקגעטראָגן צו פּלאַטאָנס תּלמידים און געזאָגט: „זעט, אָט דאָס איז דער מענטש, וואָס וועגן אים רעדט פּלאַטאָן״...

מיר זעען, אַז דיאָגענעס האָט פאַרלאַנגט פון מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך אויסצייכענען מיט אַלע מעלות און מדות טובות און אַז אַזעלכע מענטשן זײַנען געווען זעלטן און מ׳האָט זיי געדאַרפט „אַרומזוכן מיט ליכט״. כּדי צו זיין ראוי צו טראגן דעם נאָמען „מענטש״ דאַרף מען על כּן ניט זײַן ווי אַ חיה, וואָס לעבט נאָר מיטן גוף, נאָר מ׳דאַרף אויך פילן אין זיך דעם לעבעדיגן קול פון געוויסן.

דיאָגענעס פלעגט חוזק מאַכן פון די כּלי־זמר, וועלכעווילן ברענגען אין אָרדענונג זייערע מוזיק־אינסטרומענטן, כּדי ס׳זאָל אַרויסקומען ביים שפּיל אַ האַרמאָניע. „בעסער׳ האָט ער געזאָגט, וואָלטן די מענטשן אַרײַנגעטראָגן אַ האַרמאָניע אין זייערע געדאַנקען און אין זייערע ליידנשאַפטן״.

נאָך פאַרשיידענע מעשהלאַך ווערן איבערגעגעבן וועגן דעם קלוגן דיאָגענעסן. אויף אייביג איז ער פאַרבליבן אין זכּרון פון דער מענטשהײַט, ווייל ער איז געווען דער איינפאַכסטער פילאָזאָף פון זיין לאַנד און זײַן שיטה איז געווען אַ פּראָסטע, אַ פּשוטע: דאָס גליק דאַרף מען זוכן ניט אין רײַכקייט, נאָר אין צופרידנקײַט און אין גוטע מעשים.

מיט גרויס פלייס פלעגן די גריכישע חכמים פאָרשן די סודות פון דער נאַטור, כּדי צו פאַרשטיין דעם בוי און סדר פון דער וועלט. שוין פאַר סאָקראַטעסן האָט געלעבט אַ גרויסער נאַטורפאָרשער און פילאָזאָף העראַקליטאָס, וועלכער האָט געהאַט אַן אייגענע טיפזיניגע שיטה. הערא־קליטאָס האָט געהאַלטן, אַז אַלע זאַכן קומען אַרויס פון פייער און ווערן צוריק פאַר־וואַנדלט אין פייער. אייביג קומט פאָר אַ פאַרענדערונג פון די זאַכן, אַלץ געפינט זיך שטענדיג אין דעם מצב פון שאַפונג. „אַלץ פליסט" — דאָס איז דער תּמצית פון הע־ראַקליטס טיפזיניגער לערע; מ'קען ניט צוויי מאָל זיך אָפּטונקען אין דערזעלביגער טייך. די דאָזיגע געדאַנקען לעבן נאָך ביז היינט אין זייער גאַנצער פרישקייט, ווייל דאָס איינציג־זיכערע, וואָס מיר זעען און באַנעמען, איז נאָר — אַז אַלץ אין דער נאַטור און אין לעבן שטייט ניט אויף איין אָרט, אַלץ בייַט זיך כּסדר. אַ סך געדאַנקען פון



העראַקליטאָס

הערַאקליטס לערע זיינען אָבער געבליבן אומקלאָר און מ׳ווייס לגמרי ניט, וואָס דער חכם האָט מיט זיי געמיינט. אָט האט ער למשל געלערנט, אַז די מענטשלאַכע נשמות אַנט־שטייען ביי דער אומגעשטאַלטונג פון ערד אין וואַסער און פייער; וואָס זיי זיינען טריקענער, אַלץ ריינער און קליגער זיינען זיי, פאַרקערט: וואַסער איז דער טויט פאַר די נשמות. ביים שטאַרבן ווידער פאַראייניגן זיך די נשמות, וועלכע פאַר־לאָזן דעם קערפּער, מיט דער נשמה פון דער וועלט, ד. ה. מיט פייער. די מענטשן וואָלטן געדאַרפט פאָלגן אין זייערע מעשים דעם העכערן שכל, וועלכער הערשט אין דעם סדר פון דער נאַטור. אָבער דאָס רוב מענטשן פאָלגן נאָר זייער אייגעגעם שכל און דעריבער קומט אַרויס, אַז ס׳איז ניטאָ קיין האַרמאָנישע אָרדענונג אין לעבן פון דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט.

ביי ה ע ר אַ ק ל י ט אָ ס ן, וועלכער האָט באַקומען דעם נאָמען ד ע ר פ י נ ס ט ע ר ע ר, צוליב דער אומקלאָרקייט פון זיין לערע, איז די נאַטורלערע געווען דורכגעדרונגען מיט טרויעריגע סודותפולע געדאַנקען. גאָר אַנדערע לייכטע און קלאָרע געדאַנקען, האָט אין דער גריכישער נאַטורלערע אַריינגעטראָגן דער טיפזיניגער חכם ד ע מ אָ ק ר י ט אָ ס, וועלכער איז געווען דער גרעסטער נאַטורפאָרשער אין פלאַ־טאָנס צייט. זיין גרויסן פאַרמעגן האָט ער אָפּגעגעבן אויף ווי־

סנשאַפטלאַכע נסיעות, כדי אויסצופאָרשן די ווײַטסטע לענדער און לערנען זיך בײַ די גרעסטע קענערס פון זײַן צייט. אין זײַנע ווערק האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אַלע געביטן פון דער וויסנשאַפט און טעכניק, אָבער אַ חוץ אַ גאַנץ קליינעם טייל זײַנען די ווערק פאַרפאַלן געוואָרן. געבליבן איז אָבער די שיטה, וועלכע דעמאָקריטאָס האָט באַשאַפן, כדי צו דערקלערן אַלע נאַטור־ערשײַנונגען. ער האָט געלערנט, אַז די וועלט באַשטייט פון אַליידיגן חלל, אין וועלכן ס'באַוועגן זיך



ד ע מ אָ ק ר י ט אָ ס

(נעאַפּאָל, נאַציאָנאַל־מוזעאום)

פאַרשיידענע קערפּערס. אַלע קערפּערס באַשטייען פון גאַנץ קליינע קערפּערלאַך — קליינע קייקעלאַך —

אַ ט אָ מ ע ן *), וועלכע מ׳קען ניט זען מיט די אויגן און וועלכע לאָזן זיך שוין מער ניט צוברעקלען אויף טיילען. אָט זיי זיינען דאָס די ציגל פון דעם וועלט־בנין, ווייל אַלץ, וואָס מ׳זעט און וואָס מ׳טאַפּט אָן מיט די הענט, באַשטייט פון זיי. „דער אמתער יסוד פון אַלע ערשיינונגען איז דער חלל און די אַטאָמען, אזוי האָט געלערנט דעמאָקריטאָס, אַלץ וואָס איז אונז באַקאַנט אַ חוץ דעם, איז נאָר אונזער מיינונג, אַן אילוזיע". קעלט און וואַרימקייט, זיסקייט און ביטערקייט, למשל, דאָס זיינען ניט קיין זאַכן, וועלכע האָבן עפּעס אַ ממשות, נאָר אונזערע מיינונגען, וועלכע זיינען ניט ביי אַלע מענטשן די זעלביגע. די ציגל פונם וועלט־בנין בילדן דעם שטאָף, אָדער די מ אַ ט ע ר י ע פון דער וועלט. די לערע פון דעמאָקריטאָסן, וועלכע באַהאַנדלט די פראַגע וועגן דער וועלט־מאַטעריע, איז געוואָרן דער יסוד פון אַלע ווייטערדיגע שיטות וועגן דעם שטאָף פון דער וועלט, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט אין אַ גאַנצער לערע, וואָס הייסט מ אַ ט ע ר י אַ ל י ז ם. אָבער ניט נאָר דעם שטאָף פון דער וועלט האָט געוואָלט משיג זיין דער טיפער חכם דעמאָקריטאָס ער האָט זיך אָפּגעגעבן אויך מיט דער לערע וועגן דעם מענטשלאַכן גייסט און וועגן דער נשמה. ער האָט געלערנט, אַז דער מענטש דאַרף שעפּן זיין פרייד פונם אינעווייניגסטן

---

*) אַטאָם באַדייט אויף גריכיש — אומטיילבאַר.

תּוך, פון זיין נשמה. „ווער ס'האָט ליב גייסטיגע תּענוגים, האָט ליב דאָס אייביגע און דאָס געטלאַכע, ווער ס'האָט ליב גשמיותדיגע תּענוגים — האָט ליב דאָס מענטשלאַכע". אָט דאָס זיינען געווען די גרונד־יסודות פון זיינע אָנשויאונגען וועגן דער נשמה און איר גליק. דער גאַנצער מענטשלאַכער קערפּער איז נאָר אַ בגד, אָדער אַ געצעלט, אין וועלכן ס'רוט די נשמה — דאָס איז געווען דער קוק פון דעמאָקריטאָסן אויפן מענטשלאַכן גייסט. דער טיפסטער און גרעסטער גליק איז די רואיגקייט פון דער נשמה, וועלכע ווערט געשטערט דורך אַן איבערפלוס פון תּענוגים און באַגערן. כּדי צו באַשאַפן זיך דעם גליק, דאַרף מען דעריבער שטרעבן קודם כּל צו אַ גלייַכגעוויכט פון די באַגערן, צו אַ קלוגער און ניכטערער לעבנס־פירונג.

נאָך אַ גרעסערער פאָרשער פון דער נאַטור איז געווען פלאַטאָנס תּלמיד אַ ר י ס ט אָ ט ע ל ע ס.

זיין לערע איז געווען זייער פאַרשיידנאַרטיג און ער האָט מיט זיינע קענטעניסן אַרומגענומען אַלץ, וואָס דער מענטשלאַכער שכל האָט אין יענער צייט פאַרמאָגט. באַזונדערס האָט דער דאָזיגער חכם ליב געהאַט די נאַטור, וועלכע ער פלעגט אָן אויפהער אויספאָרשן, כּדי צו דערוויסן זיך דעם סדר, אין וועלכן ס'קומט פאָר דאָס לעבן פון די בלימלאַך, די חיות און די מענטשן. אַ גרויסן תּלמיד האָט אויך געהאַט אַריסטאָ־



אַריסטאָטעלעס

(רוים, מוזעאָ דעלע טערמע)

טעלעס — דעם מלך אַלעקסאַנדר פון מאַצעדאָניען, וועלכער פלעגט פון זיינע מלחמה־נסיעות, וואָס האָבן אים געבראַכט ווייט אין אַזיען אַריין — ביז צו אינדיען — צושיקן דעם לערער זאַמלונגען פון זעלטענע נאַטור־באַשעפענישן, ווי פליגן, בלימלאַך, שטיינדלאַך, וואָס מ׳האָט אין גריכנלאַנד גאָרניט אָנגעזען. דאָס האָט געבראַכט אַ שטאַרקן נוצן דעם גרויסן לערער פון נאַטורוויסנשאַפטן — אַריסטאָטעלעסן.

אַריסטאָטעלעס האָט געזען, אַז ניט נאָר דער גאַנג פון לעבן אין דער שטומער נאַטור, וועלכע רינגלט אַרום דעם מענטשן, קומט פאָר אין אַ פעסטן סדר, נאָר אויך דער אינערלאַכער גאַנג פון די מענטשלאַכע געדאַנקען גופא דאַרף האָבן אַ זיכערע אָרדענונג. ווי אַזוי ס׳קייטלען זיך די געדאַנקען און ווי מיר קומען צו אונזערע מיינונגען — דאָס האָט אַלץ אַרומגעשריבן אַריסטאָטעלעס אין אַ נייער וויסנשאַפט וועגן דעם ריכטיגן דענקען, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבן „ל אָ ג י ק״ („לאָגאָס״: אויף גריכיש — געדאַנק). ווי זיין לערער פלאַטאָן, האָט אויך אַריסטאָטעלעס אַ סך געקלערט וועגן דעם ריכטיגן לעבן פון אַ מלוכה און האָט אַרומגעשריבן די יסודות, אויף וועלכע ס׳דאַרף זיך פירן דאָס לעבן פון אַ לאַנד. „ניט איינע און די זעלבע מלוכה־אָרדענונג, האָט ער געלערנט, קען פאַסן פאַר יעדען פאָלק, ווייל דער כאַראַקטער און די מנהגים פון אַ פאָלק זיינען שטאַרק פאַרשיידן; זיי מוזן

געפינען פאַר זיך דעם געהעריגן צוגעפּאַסטן לעבנסשטייגער און דעריבער קען ניט איין מלוכה־פאָרם צוטרעפן צו אַלע פעלקער.״ וועגן דעם האָט גאָרניט גערעדט דער גרויסער חכם פּלאַטאָן און דאָס האָט געוואָלט מתקן זיַין אַריסטאָטעלעס — זיין תּלמיד.

אַריסטאָטעלס לערעס זיינען אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ פונדאַמענט פון אַלע שפּעטערדיגע וויסנשאַפטן אין גאַנץ אייראָפּע און זיי ווערן נאָך ביז היינט זייער הויך געשעצט. פון אים האָבן די מענטשן זיך אויסגעלערנט צו דערגיין די סודות פון דער נאַטור און אויסצופאָרשן די נאַטור־געשעענישן מיט אַלע מיטלען פון אונזערע חושים. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם גרונדשטיין פון דער ריכטיגער וויסנשאַפט וועגן דער מלוכה, און פון אים האָט מען זיך במשך פון הונדערטער יאָר געלערנט אויף אַלע געביטן. זיַין גרויסער און טיפער שכל האָט געעפנט אַ וועג פאַר דער אומענדלאַכער ווייַטערדיגער אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט.

* *

*

אויסער די באַשריבענע זעקס גרויסע חכמים, זיַינען אין גריכנלאַנד געווען צענדליגער אַנדערע פילאָזאָפן, וואָס זייער נאָמען לעבט נאָך עד היום. אַלע זיינען זיי

אָבער געגאַנגען אין די וועגן פון דעם ערשטן און גרעסטן חכם — סאָקראַטעס׳ און האָבן נאָר פאַרטיפט זײַנע געדאַנקען. זיי האָבן געאַרבעט אויף דער פאַרפולקאָמונג פון די מדות פון זייער פאלק און האָבן געלערנט׳ אַז מ׳דאַרף אָפּשאַצן יעדער מענטש לויט זיינע אינעווענייגסטע מעלות און ניט לויט דעם אויסערלאַכן גלאַנץ אָדער יחוס. ביז דער צייט פון די גרויסע חכמים האָבן די גריכן פיינט געהאַט די אַרו־מיגע פעלקער׳ וועלכע זיי פלעגן מיט פאַראַכטונג אָנרופן „באַרבאַרן״ (פרעמדע). שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן באַטראַכטן די מענטשן טיפער און האָבן באַלד דערזען׳ אַז דער אונטערשייד צווישן זיי און די „פרעמדע״ איז נאָר אין דער בילדונג און אויסבילדן זיך קען יעדער מענטש. דער־פון איז לייכט צו דרינגען׳ אַז אַלע מענטשן זײַנען גלייך און זיי מוזן אַלע צוזאמען פאַראייניגט ווערן אין איין גרויסער משפחה פון פעלקער.

אָט דעם גלײַכן הויכן געדאַנק האָבן נאָך מיט עטלאַכע הונדערט יאָר פאַר די גרויסע חכמים פון יָוָן געלערנט אונזע־רע נביאים. פון זיי ווייסן מיר׳ ווי גליקלאַך אַ פאָלק קען ווערן׳ ווען גערכטיגקייט הערשט אין אים און ווען מענטשן־ליבע פאַרנעמט דעם ערשטן אָרט ביי אַלע שטרעבונגען. אַלע האָבן פריער אָדער שפּעטער איבערגענומען פון אונ־זערע נביאים אָט די דאָזיגע דערהויבענע געדאַנקען און ס׳איז

דורך דעם פאַרווירקלאַכט געוואָרן אַ טייל פון דער האָפענונג פון די נביאים, אַז אַלע פעלקער וועלן זיך צונויפבינדן אין איין גליקלאַכער מענטשהייט. די גאַנצע האָפעונגג איז נאָך אָבער ניט מקוים געוואָרן און זי בלייבט די הייליגסטע שטרעבונג פון די בעסטע מענטשן ביי אַלע פעלקער.

ביים גריכישן פאָלק האָט זיך אָבער טיפער אַנטוויקלט, יענע שטרעבונג פונם מענטשלאַכן גייַסט, וועלכע וויל דער־גרייכן דאָס ש יי נ ע און די דאָזיגע אייגנשאַפט — די שטרע־בונג צו שיינקייַט — האָט אַרויפגעלייגט אַ שטאַרקע חתימה אויפן גריכישן כאַראַקטער. ביי די גריכן האָט זיך אַפילו געשאַפן אַ גאַנצע וויסנשאַפט וועגן דאָס שיינע — די ע ס ט ע ט י ק (פון וואָרט „עסטעזוס" — געפיל). אין דעם יידישן פאָלק האָט זיך שטאַרקער אַנטוויקלט די שטרעבונג צו יושר און הייליגקייט און דעריבער האָבן די יידן געגעבן דער וועלט די גרעסטע קעמפערס פאַר גערעכטיגקייט — די נביאים. אין אונזער פאָלק האָט זיך בכן אויסגעבילדעט אַן אַנדער צווייג פון דער גייסטיגער שאַפונג — די לערע וועגן דער מאָראַל און גערעכטיגקייט, די ע ט י ק („עטאָס" — אויף גרי־כיש: מנהג, כאַראַקטער־אייגנשאפט).

אויך די חכמים פון גריכנלאַנד האָבן מיט זייערע לערעס מיטגעהאָלפן צו פאַרשפרייטן די גרויסע געדאַנקען פון מענטשנליבע און גערעכטיגקייט, וועלכע די יידישע

נביאים האָבן אויסגעדריקט פאַר זייער פאָלק. דעריבער לעבן
זייערע נעמען ניט נאָר אין דער געשיכטע פון גריכישן פאָלק,
נאָר אין דער געשיכטע פון דער גאַנצער מענטשהייט. זיי
זיינען געווען די באַגרינדער פון אַ באַזונדער וויסנ־
שאַפט — פ י ל אָ ז אָ פ י ע — און וועלן פאַרבלייבן אין
זכרון פון דער מענטשהייט אויף שטענדיק. זיי
האָבן מיט זייערע לערעס אַריינגעטראָגן
אַזוי פיל ליכט און חכמה אין די
מענטשלאַכע געדאַנקען, אַז אויך
נאָך אונז וועט מען זיי מיט
דאַנק און מיט גרויס
כבוד דערמאָנען.



# רשימה פון די בילדער:

זייטל:

דער קאָפּ פון
דער 9־טער זייטל — פּריז
פונם פּאַסאַד פון טעמפּל פון עגינע.

---

דער טאָוול און בוך־פּאַרצי־
רונגען געצייכנט דורך
ש. ר ו ב י ן.

# אילוסטרירטע
# היסטארישע ביבליאטעק

## אונטער דער רעדאַקציע פון ה׳ פראַנק.

די „ביבליאָטעק״ האָט דעם צוועק צו געבן אין אַ
ריי פון לייכט־געשריבענע און רייך־אילוסטרירטע
שריפטן שילדערונגען פון די וויכטיגסטע מאָמענטן
און געשטאַלטן פון דער געשיכטע.

איר אויפגאַבע איז צו העלפן דעם לעזער צו באַ־
נעמען דעם גייסט פון די פאַרגאַנגענע תקופות
און ווייזן ווי דער גייסט פאַרקערפערט זיך
אין די אומצושטערבאַרע ווערק פון דער מענטש־
לאַכער קולטור.

די „אילוסטרירטע היסטאָרישע ביבליאָטעק״ דאַרף
דינען פאַר אַ לערן־מיטל אין דער יידישער שול
און פאַר די, וואָס ווילן זיך אַליין באַשאַפן קענטע־
נישן אויפן געביט פון דער קולטור־געשיכטע.

פאַרלאַג „פרדס״ / בערלין - ניו־יאָרק

# אילוסטרירטע
# היסטארישע ביבליאטעק

די ערשטע סעריע באַשטייט פון:

מצרים

אשור און בבל

כנען

יידישע נביאים

גריכישע חכמים

דער אונטערגאַנג

פון רוים

ס'ווערן צוגעגרייט:

קאָנפוציעס לערע

בודאַס לערע

מחמד

די אַראַבער אין שפּאַניען

קאָפּערניקס לערע

גאַליליי און ניוטאָן

הוצאת „פרדס" / ברלין — ניו־יורק

# מגילות

## „שיר השירים", „קהלת", „רות", „אסתר", „איכה"

געדרוקטע קאָפּיעס פון געשריבענעם טעקסט
(סקריפּטאָר־דרוק) מיט האַנט־געמאָלטע
מיניאַטורן געשריבן און געמאָלט פון

## ש ב ת י   ר ו ב י ן

אויף גוטע ביטן־פּאַפּיר געדרוקט
אין פאָרמאַט 20 × 25 סמ׳ און געבונדן
אין פּראַכט־איינבונדן פון פּאַרמעט און זיידע׳

**צו 100 נומערירטע עקזעמפּלאַרן
סיגנירטע פונם קינסטלער׳**

אין 1923 וועלן ערשיינען:

**„ש י ר   ה ש י ר י ם"**

**„מ ג ל ת   א ס ת ר"**

פאַרלאַג „פּ ר ד ס" / בערלין — ניו־יאָרק

הנך יפה רעיתי הנך יפה
עיניך יונים מבעד
לצמתך שערך כעדר
העזים שגלשו מהר גלעד:
שניך כעדר הקצובות שעלו
מן־הרחצה שכלם מתאימות
ושכלה אין בהם: כחוט השני
שפתותיך ומדברך נאוה כפלח
הרמון רקתך מבעד לצמתך:
כמגדל דויד צוארך בנוי לתלפיות
אלף המגן תלוי עליו כל
שלטי הגברים: שני שדיך
כשני עפרים תאומי צביה
הרעים בשושנים: עד שיפוח
היום ונסו הצללים אלך לי
אל־הר המור ואל־גבעת הלבונה:
כלך יפה רעיתי ומום אין בך:
אתי מלבנון כלה אתי מלבנון
תבואי תשורי מראש אמנה

אַ פּראָבע־זייטל פון „שיר השירים״ (1½ מאָל פארקלענערט) די איני־ציאַלן זיינען אין אָריגינאַל געמאָלט מיט דער האַנט אין פאַרבן.

פארלאג „פרדס“ / בערלין — ניו־יאָרק

י. ל. פרץ

# מקובלים
# משנת חסידים

אויף גוטע ביטן־פּאַפּיר מיט אָריגינאַל־האָלץ־שניטן פון שבתי רובין און מיט אַ הקדמה פון ה. פראַנק.

די צוויי פּערלען אין פּרץ׳ס „חסידיש“ צום ערשטן מאָל אין אַ פּראַכט־אויסגאַבע און מיט גראַפּישע ביילאַגעס פון אַ גרויסן קינסטלערישן ווערט.

הוצאת „פרדס“ / בערלין — ניו־יאָרק